# די יידישע יוגנט און יידיש לשון

רעפעראַטן פון


פ נ י נ ה  ב ל י ט ש ט י י ן

א ו ר י  ו ו י י נ ש ע נ ק ע ר

און  ח נ ה  ו ו י ש נ י ע ו ו ס ק י


געהאַלטן אויפן ערשטן לאַטיין־אַמעריקאַנער סימפּאָזיום וועגן

„יידיש אין יידישן לעבן"

אָרגאַניזירט דורכן דרום־אַמעריקאַנער עקזעקוטיוו פון

ייִדישן וועלט־קאָנגרעס

בוענאָס־איירעס,

דעם 18טן, 19טן און 20סטן יוני 1966

אין די טעג פֿון 18טן, 19טן און 20סטן יוני 1966, איז אין בוענאָס־איירעס פֿאָרגעקומען דער ערשטער לאַטיין־אַמעריקאַנער סימפּאָזיום אד"ט: „יִדיש אין יִדישן לעבן", אָרגאַניזירט דורך דעם דרום־אַמעריקאַנער עקזעקוטיוו פֿון יִדישן וועלט־קאָנגרעס.

דער דאָזיקער סימפּאָזיום איז אָרגאַניזירט געוואָרן לויטן מוסטער פֿון ענלעכע סימפּאָזיומס, וואָס דער קולטור־דעפּאַרטאַמענט פֿון יִוו"ק און דער עקזעקוטיוו אין אייראָפּע אָרדנט־איין זינט אַ רייע יאָרן אין פֿאַרשיידענע אייראָפּעיִש־יִדישע צענטערן.

דער ציל פֿון די דאָזיקע סימפּאָזיומס איז צו הייבן די חשיבות פֿון דער יִדישער שפּראַך.

אין דעם ערשטן לאַטיין־אַמעריקאַנער סימפּאָזיום האָבן זיך באַטייליקט דעלעגאַטן פֿון קהילות און יִדישע קולטור־אינסטיטוציעס פֿון פֿאָלגנדיקע לענדער: אַרגענטינע (בוענאָס־איירעס, ראָזאַריאָ, קאָרדאָבאַ און לאַ־פּלאַטאַ), אורוגוויי, בראַזיל (ריאָ דע זשאַנייראָ און סאַן־פּאַולאָ), ווענעזועלאַ, טשילע און קאָלאָמביע.

ערב דער דערעפֿענונג איז אין הויז פֿון יִוו"ק פֿאָרגעקומען אַ קבלת־פּנים לכבוד די דעלעגאַטן, וועלכע זענען באַגריסט געוואָרן דורכן פּרעזידענט פֿון דעם דרום־אַמעריקאַנער עקזעקוטיוו, ד"ר משה גאָלדמאַן, און עס האָבן געענטפֿערט: דער דעלעגאַט פֿון דער קהילה אין מאָנטעווידעאָ (אורוגוויי), דוד סעגאַל, און דער סעקרעטאַר פֿון דער קולטור־קאָמיסיע פֿון דער קהילה אין ראָזאַריאָ (אַרגענטינע), הערש סידעלאָווסקי.

שבת־צו־נאַכטס, איז אין אַקטן־זאַל פֿון דער קהילה פֿאָרגעקומען די פֿייערלעכע דערעפֿענונג פֿון דעם סימפּאָזיום דורכן פּרעזידענט ד"ר משה גאָלדמאַן, און דאַן האָט מאַרק טורקאָוו געהאַלטן דעם איינלייטונגס־רעפֿעראַט וועגן „יִדיש אין יִדישן לעבן".

עס האָבן באַגריסט דעם סימפּאָזיום: אין נאָמען פון דער ישראל־אַמבאַ־סאַדע דער ראַטגעבער דוב יוספי, אין נאָמען פון דער „דאַיאַ", דער פּראָ־פעסאָר אינזש' חיים פעלדמאַן, אין נאָמען פון אַרגענטינער ייִוואָ, דער פּרעזידענט ד"ר לאַזאַראָ זשיטניצקי, אין נאָמען פון פאַריין פון ייִדישע שרייבער און זשורנאַליסטן, דער גענעראַל־סעקרעטאַר נחום קריטשמאַר, אין נאָמען פון דער בוענאָס־אײַרעסער קהילה און ועד־הקהילות אין אַרגענטינע, דער פּרעזידענט ד"ר טוביה קאַמענשטיין און אין נאָמען פון די אויסלענדישע דעלעגאַטן, דער שעף־רעדאַקטאָר פון „דער נייער מאָמענט" אין סאַן־פּאַולאָ, בראַזיל, אלקנה חרמץ.

צום סוף, אַלס אָנשלוס צום 50סטן יאָרטאָג נאָכן טויט פון שלום־עליכם, האָט שמואל ראָזשאַנסקי געהאַלטן אַ רעפעראַט: „שלום־עליכם און ייִדיש".

זונטיק פרי, זענען אונטערן פאָרזיץ פון שעף־רעדאַקטאָר פון „די אידיי־שע פּרעסע" אין ריאָ דע זשאַניירא, דוד מאַרקוס, אויסגעהערט געוואָרן פאָל־גנדיקע רעפעראַטן:

„ייִדיש אַלס נאַציאָנאַלער פאַקטאָר", פון יצחק יאַנאַסאָוויטש; „ייִדיש צווישן מאָסקווע און ירושלים", פון אברהם זאַק; און „אונדזער חורבן־ליטע־ראַטור" פון שמחה סנה.

אין דער דיסקוסיע אַרום די געהאַלטענע רעפעראַטן האָבן אָנטייל גענומען: ברוך וויינשטיין (קאָרדאָבאַ), גרשון געסטעל (קולטור און הילף „אָר־טור זיגעלבוים"), נחמיה צוקער (ייִדישער אַקטיאָרן־פאַראיין), משה גלעמ־באָצקי (ייִדישע לערער־אָרגאַניזאַציע) און משה קאַפּלאַן (קהילה פון סאַנטיאַ־גאָ דע טשילע).

בעתן קאָלעקטיוון מיטיק האָט געהאַלטן אַ רעדע אין נאָמען פון די אויס־לענדישע דעלעגאַטן דער שעף־רעדאַקטאָר פון „די אידישע צייטונג" אין ריאָ דע זשאַניירא, יעקב פּרנס.

נאָכמיטיק איז אונטערן פאָרזיץ פון משה קאַפּלאַן, פון סאַנטיאַגאָ דע טשילע, פאָרגעקומען אַ ספּעציעלע סעסיע געווידמעט דער באַציִונג פון דער ייִדישער יוגנט צו דער ייִדישער שפּראַך און עס זענען אויסגעהערט געוואָרן די רעפעראַטן פון די דריי יוגנטלעכע: פנינה בליטשטיין, אורי וויינשטענקער און הנה ווישניעווסקי.

אין דער דעבאַטע אַרום די רעפעראַטן האָבן זיך באַטייליקט: יעקב

שיינקמאַן (מאָנטעווידעאָ), יצחק ניבאַרסקי, יצחק גאָרדאָן (בוענאָס־איירעס), יעקב אייזענמאַן (באָגאָטאַ), הערש סודילאָווסקי (ראָזאַריאָ), שלום סטאַראָ־שעווסקי (מאָנטעווידעאָ), יצחק ליפּסקי, יעקב פּאַלאַטיצקי, יענטעלע וואַקס־מאַן און בעריש דאָמב (אַלע פון בוענאָס־איירעס). צום סוף האָט גערעדט דער ראַטגעבער פון דער ישראל־אַמבאַסאַדע, דוב יוספי.

מיט דער אָוונט־סעסיע האָט אָנגעפירט דער פאָרשטייער פון אורוגוויי שמואל ווײַנשענקער און עס זענען געהאַלטן געוואָרן פאָלגנדיקע רעפעראַטן: „ייִדיש אין דער ייִדישער שולע״ פון חיים פינקעלשטיין, „ייִדישע אָדער לאַ־טייַנישע אותיות פון אונדזער לשון״, פון דעם גאַסט פון בראַזיל ד״ר אליהו ליי־פּינער און „ייִדיש אין ייִדישן רעליגיעזן לעבן״ פון הרב הראשי דוד כהנא.

מאָנטיק פרי איז אונטערן פאָרזיץ פון ד״ר לעאָן וויזענפעלד (קאַראַ־קאַס, ווענעזועלאַ) פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע דעבאַטע מיטן אָנטייל פון: יעקב מושקאַט (בוענאָס־איירעס), ברוך ווײַנשטיין (קאָרדאָבאַ), שמואל ראָ־זשאַנסקי און גאָלדע צוקער (בוענאָס־איירעס), דוד סעגאַל (מאָנטעווידעאָ), הערש סודילאָווסקי (ראָזאַריאָ), משה קאַפּלאַן (טשילע), ד״ר מאַרקאָס ווײַנ־שעלבוים, ישראל זאַלצענשטיין און בעריש דאָמב (בוענאָס־איירעס).

צום סוף איז אָנגענומען געוואָרן פאָלגנדיקע דעקלאַראַציע:

דער ערשטער לאַטײַן־אַמעריקאַנער סימפּאָזיום וועגן „ייִדיש אין ייִדישן לעבן״, וואָס איז פאַררופן געוואָרן דורכן דרום־אַמעריקאַנער עקזעקוטיוו פון ייִדישן וועלט־קאָנגרעס אין בוענאָס־איירעס אין די טעג פון 18טן, 19טן און 20סטן יוני 1966, מיטן אָנטייל פון דעלעגאַטן פון אַרגענטינע, אורוגוויי, בראַזיל, ווענעזועלאַ, טשילע און קאָלאָמביע, אויסהערנדיק די רעפעראַטן, אָפּשאַצונגען און דעבאַטן, איז געקומען צו פאָלגנדיקע אויספירן:

א) די ראָל פון ייִדיש, ייִדישע שפּראַך און ייִדישע קולטור, האָט אין משך פון דורות געווירקט ווי אַ ממשותדיקער פאַקטאָר אויפצוהאַלטן ייִדיש פאָלקסלעבן אין די אַמאָליקע ייִדישע ישובים אין מזרח־אייראָפּע ווי אויך אין די נײַ־אויפגעקומענע ישובים אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, ווו די דאָזיקע קולטור־אוצרות אין דער ייִדישער שפּראַך האָבן נאָך באַזונדערס מיטגעווירקט צו דער נאַציאָנאַלער און פאָלקסטימלעכער אויספאָרמירונג פון דעם ייִדישן לעבן;

ב) מיטן אויפקום פון מדינת ישראל איז העברעיִש געוואָרן די לעבע־

דיקע שפּראַך פֿון דער מדינה, ווי אויך אַ קולטור־פֿאַקטאָר פֿאַרן אויפֿהאַלטן דאָס ייִדישע לעבן אין די תּפֿוצות אין פֿאַרבינדונג מיט דער מדינה. דאָס פֿאַרקלענערט אָבער נישט די וויכטיקע ראָל פֿון ייִדיש לשון און פֿון דער ייִדישער קולטור פֿאַרן המשך פֿון ייִדישן לעבן אין די תּפֿוצות;

ג) די אָנטיילנעמער פֿון דעם סימפּאָזיום נעמען־אויף מיט טיפֿער זאָרג דעם באַדויערנדיקן פֿאַקט, וואָס ייִדיש ווערט וואָס אַ מאָל פֿרעמדער אין ייִדישע היימען און אין עפֿנטלעכן לעבן פֿון ייִדישע אינסטיטוציעס און ווערט אַרויסגעשטויסן פֿון אַ גרויסן צאָל לערנאַנשטאַלטן אין לאַטיין־אַמעריקע;

ד) די אָנטיילנעמער פֿון דעם סימפּאָזיום באַטראַכטן, אַז עס מוז קומען אַ באַנייטע אַקטיוויטעט מצד די אָנפֿירנדיקע אינסטאַנצן פֿון די ישובֿים איינצוגלידערן די ייִדישע שפּראַך ווי אַ דערציִונגס־פֿאַקטאָר, אָנהייבנדיק פֿון די קינדער־גערטנער, עלעמענטאַרע שולן, מיטלשולן, סעמינאַרן און העכערע לערן־אַנשטאַלטן, פֿון וועלכע עס דאַרפֿן אַרויסקומען קאַדרען פֿון דערציִער, די ייִדישע אינטעליגענץ, צוקונפֿטיקע געזעלשאַפֿטלעכע עסקנים און פֿונקציאָנאַרן פֿון ייִדישן אינסטיטוציאָנעלן לעבן;

ה) די אָנטיילנעמער פֿון דעם סימפּאָזיום דריקן־אויס דעם ווונטש, אַז ייִדיש זאָל איינגעפֿירט ווערן אַלס לימוד אין די לערן־אַנשטאַלטן פֿון מדינת ישׂראל;

ו) די אָנטיילנעמער, פֿון דעם סימפּאָזיום שליסן זיך אָן צום פּראָקלאַמירטן שלום־עליכם־יאָר, צום 50סטן יאָרטאָג נאָך זיין טויט, און אַפּעלירן צו די באַרופֿענע אינסטאַנצן אין לאַטיין־אַמעריקע, אַז דער נאָמען פֿון דעם באַליבטן קלאַסיקער זאָל אויסגענוצט ווערן ווי אַן עטאַפּ צו באַפֿעסטיקן די חשיבֿות פֿון דער ייִדישער שפּראַך, ייִדישער ליטעראַטור און ייִדישן טעאַטער ביי די יונגע דורות;

ז) די אָנטיילנעמער פֿון דעם סימפּאָזיום דריקן־אויס אָנערקענונג דעם דרום־אַמעריקאַנער עקזעקוטיוו פֿון ייִדישן וועלט־קאָנגרעס פֿאַרן אָרגאַניזירן דעם סימפּאָזיום, און אויך די ייִדישע צייטונגען פֿאַר זייער מיטווירקונג צום דערפֿאָלג פֿון דער איניציאַטיוו.

אויסער דעם, איז אויך אָנגענומען געוואָרן פֿאָלגנדיקע רעזאָלוציע:

די אָנטיילנעמער פֿון דעם סימפּאָזיום דריקן אויס זייער פּראָטעסט קעגן די דיסקרימינאַציעס וואָס ווערן אָנגעווענדעט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד לגבי דער

יידישער און העברעישער שפּראַך און קענען די באַשווערונגען וואָס ווערן געמאַכט פאַר דער פאַרבינדונג פון די סאָוועטישע יידן מיט די יידן אין דער וועלט.

***

באַטראַכטנדיק פון אַ ספּעציעלן אינטערעס די מיינונגען וואָס עס זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן ביים סימפּאָזיום דורך די פאָרשטייער פון יונגן דור, ברענגען מיר דאָ דעם פולן טעקסט פון די רעפעראַטן, וואָס עס האָבן געהאַלטן פנינה בליטשטיין, אורי ווײנשענקער און חנה ווישניעווסקי.

בוענאָס־איירעס, יולי 1966.

## פנינה בליטשטיין

(19 יאָר אַלט. אַ געבוירענע אין בעלגיע, איז זי געקומען קיין אַרגענטינע צוזאַמען מיט אירע עלטערן אַלס איין־יעריק קינד. האָט געענדיקט די י. ל. פּרץ־שול און דעם לערער־סעמינאַר פון דער קהילה. איז אַ שילערין פון דער מדרשה־עברית און פון דער לערער־אַספּיראַנטור ביים ועד־החינוך המרכזי. איז טעטיק אַלס לערערין פון יידיש אין דער תלמוד־תורה הראשונה ד״ר טעאָדאָר הערצל).

ווען איך האָב געהאַט דעם כבוד אַז דער חבר מאַרק טורקאָוו זאָל צוגיין צו מיר און מיך איינלאַדן אויף דעם דאָזיקן סימפּאָזיום, ווי אַ רעפּערענטין, האָב איך מיך זייער דערפרייט וואָס מען האָט מיך אויסגעקליבן צווישן אַזוי פיל חברים פון דער „מדרשה״. אָבער ווען איך האָב דערנאָך זיך פאַרטראַכט וועגן דער טעמע וועגן וועל־כער איך דאַרף ריידן, האָב איך אָנגעהויבן צווייפלען, צי איך זאָל יאָ אָננעמען אָדער נישט די דאָזיקע איינלאַדונג. און די סיבה איז געווען גאָר אַ פשוטע: אין די לעצטע צייטן האָב איך געהערט אָן אַ שיעור וויכוחים צווישן יידישיסטן און העברעיסטן, צווישן יידישיסטן און — לאָמיר זיי אַזוי אָנרופן — שפּאַנישיסטן, און בכלל צווישן אַזעלכע וואָס זענען סתם אַנטי־יידישיסטן און אַנטי־העברעיסטן, און וואָס פאַר זיי איז קיין שום אונטערשייד נישט אין וואָס פאַר אַ שפּראַך זיי וועלן ריידן, ווייל זיי פילן בכלל נישט קיין שום בייגונג צו יידישקייט, און עס איז גענוג פאַר זיי אַז זיי וועלן זאָגן „איך בין אַ ייד״, נישט וויסנדיק אפילו וואָס אַזוינס עס מיינט זיין אַ ייד, און נישט פאַרשטייענדיק קיין איין ווערט פון די אַלע ווערטן וואָס זענען פאַראַן ביים יידישן פאָלק.

דערפאַר האָב איך געצווייפלט, אָבער צום סוף האָב איך באַשלאָסן אַז איך וועל יאָ אָננעמען די איינלאַדונג. איך ווייס נישט אויב פון דער דאָזיקער דיסקוסיע וועט קלאָר ווערן דער ענין יידיש־העברעיש, אָבער איך מיין אַז דאָס איז אַ גוטע געלעגנ־הייט אויף צו קענען אַרויסברענגען אין דער עפנטלעכקייט אַלע אוצרות און אייגנ־אַרטיקייטן פון דער יידישער שפּראַך. עמיצער האָט מיר איין מאָל געזאָגט, אַז די אַלע דיסקוסיעס וואָס ווערן געפירט האָבן נישט קיין זינען, ווייל זיי פאַרערגערן נאָך מער דעם מצב פון דער יידישער שפּראַך, פונקט אַזוי ווי מען פאַרערגערט דעם ווייטיק פון אַ קראַנקן מענטשן ווען מען וויל אים העלפן און מען הייבט אים אָן דרייען פון איין זייט אויף דער צווייטער. מען האָט מיר אויך געזאָגט, אַז פונקט ווי

אַ גוססדיקן מענטשן דאַרף מען לאָזן צורו און אים נישט רירן פון אָרט, אַזוי דאַרף מען אויך דעם דאָזיקן פּראָצעס פון אַנטי־ייִדישקייט לאָזן גיין זיין נאָרמאַלן גאַנג און וואַרטן ביז די צייט וועט זאָגן איר לעצט וואָרט.

איך ווייס נישט, צי די דאָזיקע פּאָזיציע איז די ריכטיקסטע אָדער ניין, אָבער די דיסקוסיעס וועלן דערווייל געפירט און איינע פון זיי וועט היינט דאָ פאָרקומען, אַזוי אַז איך וועל מיך באַמיִען צו ברענגען פאַר אייך אַן אָביעקטיוו בילד וועגן דער באַציִונג פון דער ייִדישער יוגנט צו דער ייִדישער שפּראַך.

דאָס ייִדישע לשון איז אויפגעקומען, מער ווייניקער, מיט אַ 1.000 יאָר צו־ריק. עס איז נישט וויכטיק איצט, צי ייִדיש איז אַן אָריגינעלע שפּראַך, אָדער זי איז מושפּע געוואָרן פון אַנדערע שפּראַכן; עס איז אויך נישט וויכטיק איצט, צי ייִדיש איז יאָ אָדער נישט אַ רייכע שפּראַך אין אידיאָמען און אויסדרוקן (און זי איז באמת זייער אַ רייכע שפּראַך אין דעם זין); נאָר וויכטיק איז דאָס אָרט וואָס ייִדיש האָט פאַרנומען אין ייִדישן לעבן און וואָס זי פאַרנעמט נאָך ביז היינט צו טאָג.

עס איז זייער זעלטן צו טרעפן אַן אַנדער פאָלק וואָס זאָל זיך אַזוי צופּאַסן צו אַ נייער שפּראַך און אַזוי פיל שאַפן אין דער דאָזיקער שפּראַך ווי דאָס האָט געטאָן דאָס ייִדישע פאָלק. עס איז זעלטן צו טרעפן אַן אַנדער פאָלק וואָס זאָל האָבן אָנ־גענומען אַ נייע שפּראַך און זי אַריינגעפירט אין טאָג־טעגלעכן לעבן, פּונקט ווי עס וואָלט געווען זיין אייגענע ירושה.

נאָר דאָס ייִדישע פאָלק האָט געקאָנט באַווייזן אַזאַ זאַך, און דאָס איז געשען מיט דער ייִדישער שפּראַך. ייִדיש איז ביסלעכווייז געוואָרן דאָס געצערטלטע קינד ביי ייִדישע טאַטע־מאַמע, און ביסלעכווייז איז זי אויסגעוואַקסן און רייף געוואָרן, און האָט באַגלייט די ייִדן אין אַלע זייערע וואַנדערונגען, און איבערגעלעבט מיט זיי אַלע פּאָגראָמען און אַלע רדיפות. ייִדן האָבן געקעמפט פאַר ייִדישקייט; ייִדן זענען געגאַנגען אויף קידוש־השם, און דאָס אַלץ האָבן זיי געטאָן אויף ייִדיש. די גרעסטע זוערק וועגן די פּאָגראָמען זענען אָנגעשריבן געוואָרן אויף ייִדיש. די אַלע איבער־זעצונגען פון תנ״ך אויף אַ פולן אופן, טראַכטנדיק אין דער פשוטער מאַסע וואָס האָט געדאַרפט אויפנעמען דעם טעקסט אַזוי ווי ער איז, און אין דער זעלביקער צייט געפינען אין אים די העכערע ווערטן, איז געמאַכט געוואָרן אויף ייִדיש. מיט איין וואָרט: ייִדיש איז געווען דער גרעסטער קוואַל פון ייִדישן וויסן, פון ייִדישער גע־שיכטע, פון ייִדישער איבערלעבונג. ייִדיש איז גערעדט געוואָרן אין שטוב, אין שול, אין די חדרים, אויפן מאַרק, אויף דער גאַס...

ייִדיש איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לעבעדיקער שפּראַך, ייִדיש איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ נוצלעכער שפּראַך.

און דאָ איז געשען דער גרויסער נס: ייִדיש איז אַריין אין דער ייִדישער לי־טעראַטור, און דער גרויסער ווונדער איז פאָרגעקומען: מען האָט אָנגעהויבן שרייבן אויף ייִדיש, מען האָט אָנגעהויבן לייענען אויף ייִדיש, מען האָט אָנגעהויבן שאַפן אויף ייִדיש.

פון דאַנען איז אַרויס די ערשטע איבערזעצונג פון דעם תנ״ך אויף יידיש, פון דאַנען זענען אַרויסגעוואַקסן אַזעלכע שרייבערס, ווי מענדעלע מוכר ספרים, י. ל. פרץ, שלום עליכם, פינסקי, רייזען, לייוויק, ראָזענפעלד, וואַרשאַווסקי, י. י. שוואַרץ און אַנדערע.

פון דאַנען זענען אַרויסגעקומען אַזעלכע ווערק, ווי: „מאָטל פּייסי דעם חזנס״, „טביה דער מילכיקער״, „מנחם־מענדל״, „מסעות בנימין השלישי״, „די גאָלדענע קייט״, „ברוריה״, „די פאַמיליע צבי״, „מאָניש״, „מיין נישט״, „מיין יינגעלע״, „די היסטאָרישע פּעקלעך״, „דער שוויצשאָפּ״, „דער גולם״.

פון דאַנען האָט זיך אָנגעהויבן דער קאָנטאַקט צווישן די פאַרשיידענע שטעט־לעך פון איין לאַנד און צווישן די פאַרשיידענע לענדער פון צוויי באַזונדערע קאָנ־טינענטן.

פון דאַנען האָבן זיך אָנגעהויבן די באַציִונגען צווישן די פאַרשיידענע פּאָליטי־שע און ליטעראַרישע גרופּעס וואָס האָבן עקסיסטירט סיי אין אייראָפּע און סיי אין אַמעריקע, וועלכע האָבן געהאַט די זעלביקע אידעען, און וועמענס איינציקער אונ־טערשייד איז געווען דער נאָמען וואָס זיי האָבן געטראָגן.

און דאָס אַלץ אַ דאַנק דעם יידיש; דאָס אַלץ אַ דאַנק דער שפּראַך, וואָס האָט געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָל אין יידישן לעבן און וואָס האָט פאַרבונדן דאָס יידישע פאָלק אומעטום ווו עס זאָל נישט געווען זיין.

ווייל אַלע האָבן גערעדט יידיש, אַלע האָבן געלייענט יידיש, זאָל זיין אַ יידישע צייטונג, זאָל זיין אַ יידיש בלאַט אָדער אַ יידיש בוך און אַלע האָבן געפילט אויף יידיש.

און מיט אַ מאָל האָט זיך אָנגעהויבן דער אונטערגאַנג. עס איז אויפגעקומען אַ דור, וואָס האָט אין גאַנצן פאַרלוירן דעם קאָנטאַקט מיטן יידישן לשון און האָט אָנ־געהויבן ריידן די לאַנדשפּראַך פון דער מדינה ווו ער האָט זיך געפונען. עס איז אויפגעקומען אַ דור, וואָס האָט נישט געקענט געניסן פון די אַלע שיינקייטן וואָס זע־נען פאַראַן אין דער יידישער שפּראַך און ער האָט דערפאַר אָנגעהויבן גרינגשאַצן די דאָזיקע שפּראַך, און די באַציִונג צו יידיש האָט זיך אין גאַנצן געענדערט.

און אפשר איז דאָס נישט געווען בלויז די שולד פון דעם יונגן דור, נאָר אויך פון דעם עלטערן דור, ווייל ער האָט נישט געפונען די פּאַסיקע מיטלען ווי אַזוי אי־בערצוגעבן דאָס דאָזיקע געפיל און די דאָזיקע שיינקייטן צו די יונגע. אפשר זענען די עלטערן געווען די, וועלכע האָבן זיך ווייניק פאַראינטערעסירט אַז זייערע קינדער זאָלן נאָכגיין דעם דאָזיקן וועג און זאָלן צוזאַמענשטעלן נאָך אַ רינג אין דער יידי־שער קייט. אַלצדינג קען זיין.

מיר קענען איצט נישט משפטן די האַנדלונגען וואָס זענען פאָרגעקומען מיט אַ צענדליק יאָר צוריק. מיר קענען איצט נישט וויסן ווער עס איז געווען שולדיק אין דעם, אַז די זאַכן זאָלן אַזוי געשען.

אָבער וואָס מיר קענען יאָ טאָן, איז משפטן די האַנדלונגען וואָס ווערן דורכ־

געפירט היינט צו טאָג. וואָס מיר קענען יאָ טאָן, איז באַשולדיקן די, וועלכע דער־לאָזן היינט צו טאָג אַז די דאָזיקע סיטואַציע זאָר פאַרגעזעצט ווערן און טוען גאָר נישט זי צו פאַריכטן.

איך ווייס פון אַ סך פאַלן, ווען יונגע יינגלעך און מיידלעך וואָלטן געוואָלט אַ מאָל לייענען אַ יידיש בוך, זיך פאַרטיפן אין דעם וואָס אין אים איז געשריבן, און זיי קענען עס נישט טאָן, ווייל, צום באַדויערן, האָבן זיי נישט געהאַט ווער עס זאָל זיי אויסלערנען די יידישע שפּראַך.

דאָס וויל נישט זאָגן, אַז דערפאַר איז די דאָזיקע יוגנט אַוועק פון יידנטום און זיך אַסימילירט, ניין. זיי האָבן געענאַסן און זיי געניסן פון די יידישע ווערטן דורך אַן אַנדער שפּראַך, אויך אַ יידישע שפּראַך, זייער אַ באַליבטע ביים יידישן פאָלק: דאָס איז די העברעיִשע שפּראַך. ווייל, — און דאָ קומט צום אויסדרוק די גאַנצע דיסקוסיע, — נישט די גאַנצע יוגנט וואָס האָט אויפגעהערט צו ריידן יידיש איז אַוועק צו זייער לאַנדשפּראַך. אַ סך פון זיי האָבן אָנגעהויבן אַרויסווייזן אַ נייגונג צו העברעיִש, און זיי האָבן זיך איבערגעגעבן צו דער דאָזיקער שפּראַך מיט לייב און לעבן; די דאָזיקע יוגנט האָט אָנגעהויבן טענהן, אַז העברעיִש איז די איינציקע שפּראַך פון יידישן פאָלק; אַז יידיש איז נאָר אַ דיאַלעקט, אַ גלות־שפּראַך וואָס יידן דאַרפן לגמרי פאַרגעסן, ווייל איצט, מיטן אויפקום פון אונדזער מדינה, דאַרף מען שוין מער נישט אָנקומען צו דער דאָזיקער שפּראַך און דעריבער איז זי מער נישט נייטיק פאַר אונדז.

פרעג איך איצטער דער דאָזיקער יוגנט: מיינען זיי טאַקע, אַז מיט העברעיִש אַליין וועלן זיי קענען ממשיך זיין דאָס יידישע לעבן און איבערגעבן די יידישע קינ־דער אַלץ וואָס אַ יידיש קינד דאַרף וויסן, כדי ער זאָל וועלן פאַרזעצן מיט זיין יידיש־קייט און נישט אַוועקגיין פון יידנטום?

מיינט די דאָזיקע יוגנט, אַז מיט העברעיִש אַליין וועט זי קענען מאַכן פילן דעם יידישן קינד דאָס וואָס איז פאַרגעקומען במשך פון 1000 יאָר, און וואָס איז גע־וואָרן דער שטעמפּל פאַר אונדזער וויטערדיקן קיום ביז אַהער?

איך וויל נישט, אַז פון מיינע רייד זאָל מען אַרויסדרינגען, אַז איך בין אַ קעג־נערין פון דער העברעיִשער שפּראַך. ניין, חס־וחלילה, איך האָב זייער שטאַרק ליב די העברעיִשע שפּראַך; ווי אַ תלמידה פון דער „מדרשה" און ווי אַ יידישע לערערקע קום איך אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט איר און איך פיל מיך גליקלעך ווען איך טרעף עמיצן מיט וועמען איך זאָל קענען ריידן העברעיִש. איך ווייס אַז העברעיִש איז די עלטסטע יידישע שפּראַך, די שפּראַך פון תנ"ך, די שפּראַך פון אונדזערע אור־על־טערן, די שפּראַך פון אונדזער ניי־אויפגעקומענער מדינה, די שפּראַך וואָס עס האָבן גערעדט די יונגע בחורים און מיידלעך וואָס זענען געפאַלן אין קאַמף מיט די אַראַבישע שונאים אויף צו דערגרייכן אונדזער אומאָפּהענגיקייט.

אָבער נאָר איין זאַך וויל איך קלאָר מאַכן: העברעיִש פאַרנעמט נישט היינט צו טאָג דאָס זעלביקע אָרט אין גלותדיקן לעבן וואָס יידיש האָט פאַרנומען ביז אַהער.

ייִדיש איז געווען אַ היימישע שפּראַך, אַ טאָג־טעגלעכע, אַ שפּראַך אויף וועלכער די עלטערן האָבן גערעדט מיט זייערע קינדער, אַ שפּראַך אויף וועלכער די קינדער האָבן גערעדט מיט זייערע חברים אין גאַס, אין שטוב, אויף פאַרזאַמלונגען. מיט העברעיִש אָבער איז די סיטואַציע אין גאַנצן אַן אַנדערע. העברעיִש ווערט זייער געשעצט ווי אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך, די יוגנט האַלט זייער פון איר, אָבער זי איז נאָך נישט אַרויס אויף דער ייִדישער גאַס, ווי אַ ייִדישע שפּראַך.

די יוגנט לערנט העברעיִש, האָט ליב העברעיִש, אָבער ווען זי טרעפט זיך צווישן זיך אויף דער גאַס, רעדט זי שפּאַניש. און דאָס איז דאָס ווייטאָגלעכסטע פון דעם גאַנצן ענין. איך וואָלט אַזוי נישט געווען קעגן די בלויזע „העברעיִסטן", ווען זיי זאָלן האָבן באַוויזן צו פאַרנעמען די זעלביקע אָדער אַן ענלעכע פּאָזיציע ווי ייִדיש האָט פאַרנומען.

אָבער ביז איצט האָבן זיי עס נישט דערגרייכט, און דערפאַר, מיין איך, דאַרף מען פאָרזעצן לערנען די ייִדישע שפּראַך, כדי נישט איבערצורייסן מיט אונדזער פאַרגאַנגענהייט. איך ווייס אַז סיי אין ישראל און סיי אין גלות לערנט מען מיט ייִדישע קינדער וועגן דער געשיכטע פון ייִדישן פאָלק, זינט זיין אויפקום ביז היינט צו טאָג. אָבער אויב די דאָזיקע 1.000 יאָר פון ייִדישער עקסיסטענץ אויף ייִדיש וועט מען נישט קענען איבערגעבן אין זייער פולסטן גלאַנץ, וועט עס הייסן אַז מען מאַכט צו גאָרנישט די אַלע אויפטוען און די אַלע דערגרייכונגען וואָס זענען דערגרייכט געוואָרן אין דער דאָזיקער צייט, און וואָס זענען דערגרייכט געוואָרן נישט נאָר פאַר די ייִדן אין גלות, נאָר פאַרן גאַנצן ייִדישן פאָלק.

און דאָ קומען מיר נאָך אַ מאָל צו אַן אָנגעווייטיקטער פראַגע: ייִדיש אין די ייִדישע שולן.

און איך רייד שוין נישט וועגן דעם, וואָס עס זענען פאַראַן שולן ווו מען לערנט בכלל נישט קיין ייִדיש, ווו ייִדיש ווערט פאַרגעסן ווי אַ פאָלקס־אייגנטום, ווו ייִדיש ווערט פאַררוקט אין אַ ווינקל, אַז מען זאָל זי וואָס ווייניקער אַרויסזען. איך רייד פון די היינטיקע „ייִדישע" לערערס.

מיט אַ וואָך פריִער איז דאָ אין דעם זעלביקן זאַל פון דער קהילה געפייערט געוואָרן דער אַרויסלאָז פון דעם באַנד „טביה דער מילכיקער", וואָס איז אַרויס אין דער ראַם פון די מוסטערווערק וואָס דער קולטור־קאָנגרעס גיט אַרויס ביים יוסף ליפשיץ־פאָנד. צו דער דאָזיקער געלעגנהייט איז אינטערפּרעטירט געוואָרן אַן אויסגעטראַכטער דיאַלאָג צווישן טביהן און מאָטלען, ווי אַזוי זיי טרעפן זיך אין בוענאָס־איירעס, אָנגעשריבן פון דעם באַקאַנטן שרייבער שמחה סנה.

אין דעם דאָזיקן דיאַלאָג איז אויך אַרויפגעקומען די טעמע פון ייִדישע לערערס, און אין אַ געוויסן מאָמענט זאָגט מאָטל צו טביהן: „זי הייסט אַ ייִדישע לערערקע, און קען נישט קיין איין וואָרט ייִדיש".

די דאָזיקע פראַזע האָט אַרויסגערופן געלעכטער ביים עולם, און אויך איך האָב געלאַכט, אָבער שפּעטער, ווען איך האָב זיך פאַרטראַכט וועגן דעם, האָב איך גע־

קלערט ביי זיך: ווי טראַגיש דאָס איז! ווי טראַגיש און ווי אומפאַרמיידלעך ביים היינטיקן טאָג!

און באמת: ווי טראַגיש עס איז, אַז אַ ייִדישער לערער זאָל נישט קענען די ייִדישע שפּראַך; ער זאָל זיך נישט קענען פאַרטיפן אין אַ ייִדיש ווערק, אין אַ ייִדיש ליד, אין אַ ייִדישער דערציילונג!

און אומפאַרמיידלעך איז עס, ווייל די מערהייט לערערס היינטיקע, וואָס קענען נישט קיין ייִדיש, ווייזן נישט אַרויס דעם מינדסטן אינטערעס אויף צו באַקענען זיך מיט דער ייִדישער שפּראַך.

אָבער נישט אַלץ איז אַזוי שוואַרץ און נישט אַלץ איז אַזוי טראַגיש. צווישן דער גרויסער מאַסע העברעיִסטן, און אין אַ גרויסער מאָס אויך שפּאַנישיסטן, איז נאָך פאַראַן, צום גליק, אַ קליינע גרופּע ייִדישיסטן, וועלכע היט אָפּ ייִדיש און באַ־מיט זיך איבערצוגעבן די דאָזיקע שפּראַך צום נייעם דור. איך קען אַ סך לערערס וועלכע ריידן ייִדיש, וועלכע לערנען ייִדיש מיט זייערע תלמידים, וועלכע ריידן ייִדיש מיט זייערע חברים.

איך וויל איצט נישט אָנרופן קיין נעמען. אָבער איך בין אויך אַ לערערקע אין אַ ייִדישער שול און מיינע חברטעס פון שול קענען ייִדיש און פאַרגעסן נישט די שפּראַך און פאַרטרייבן נישט די שפּראַך פון גראַד. מיט די קינדער ווערט געלערנט ייִדיש, די קינדער וויסן אַז זיי דאַרפן ריידן צום לערער אויף ייִדיש, און ווען מען לערנט תנ״ך אָדער תורה, ווערן די שווערע ווערטער אויסגעטייטשט אויף ייִדיש, אויב די קינדער פאַרשטייען זיי נישט אויף עברית, נישט אַזוי ווי אין אַנדערע שולן, ווו דער איינציקער טייטש איז אויף העברעיִש, און אויב די קינדער פאַרשטייען נישט, גייט מען גלייך אַריבער צו שפּאַניש, און ייִדיש ווערט אין גאַנצן נישט גענוצט.

איך לערן אויך אין דער אַספּיראַנטור פאַר ייִדישע לערערס, וואָס ווערט דורכ־געפירט דורכן ועד החינוך מיטן חבר ראָזשאַנסקי בראש, און איך זע אויך דאָרטן אַן אינטערעס פאַר דער ייִדישער שפּראַך מצד די יוגנטלעכע.

אומעטום, ווו איך זאָל זיך נישט אומקוקן, געפין איך נאָך איינעם וואָס איז גרייט צו פאַרטיידיקן דאָס ייִדיש־לשון. קיין סך אַזעלכע זענען טאַקע נישטאָ, אָבער אין גאַנצן אַליין זענען מיר אויך נישט.

דערפאַר זאָג איך, אַז די האָפענונג איז נישט אין גאַנצן קיין פאַרלוירענע. לאָ־מיר האָפן אַז דער היינטיקער יונגער דור וועט פאַרשטיין דאָס ווערטל וואָס זאָגט, אַז „צעברעכט מען דעם פאַס, קאָן מען דעם וויין נישט איינהאַלטן״, ד״ה, אַז אויב מיר וועלן אַוועק פון ייִדישן לשון, אויב מיר וועלן צעברעכן דעם פאַס וואָס אַנט־האַלט אין זיך דעם טייערן וויין פון הונדערטער יאָרן שאַפן און לעבן, וועלן מיר נישט קענען פאָדערן דערנאָך, אַז אונדזערע קינדער זאָלן וועלן געניסן פון דעם דאָ־זיקן וויין, ווייל מיט דער צייט וועט ער ווערן אויסגעוועפּט און ער וועט פאַרלירן דעם טעם.

דאָס איינציקע וואָס מיר וואָלטן געקענט טאָן איז, איבערגיסן דעם וויין אין אַן

אַנדער פּאַס, ד״ה, אַריבערפירן אין דער העברעישער שפּראַך די יידישע ווערטן, אָבער דאָס וואָלט אויך נישט געווען אין גאַנצן די לייזונג: ערשטנס, ווייל מיטן אי־בערגיסן אַליין פאַרלירט שוין דער ווין עפּעס פון זיין געשמאַק, און צווייטנס, דאַרפן מיר נאָך לאַנג וואַרטן ביז דער צווייטער פּאַס ווערט פאַרטיק ווערן אויף אויפצונעמען דעם דאָזיקן ווין. אַזוי אַז לאָמיר דערווייל נישט צעברעכן דעם פּאַס וואָס מיר האָבן און אים אָפּהיטן ווי מעגלעך אין זיין פולער גאַנצקייט.

מיט אַנדערע ווערטער: לאָמיר אָפּהיטן אונדזער יידישע שפּראַך און נישט דער־לאָזן, אַז די יוגנט וואָס קען נישט נישט קיין יידיש און נישט קיין העברעיש, זאָל וועלן פאַרזעצן איר יידישקייט בלויז אויף שפּאַניש, אָדער אויף דער שפּראַך וואָס איז איר מער באַקאַנט, ווייל מיר דאַרפן געדענקען איין זאַך: אַז ריידן אַ פרעמדע שפּראַך הייסט אין אַ געוויסער מאָס זיך אַסימילירן, און אויב מען אַסימילירט זיך שפּראַכלעך, איז מען זייער נאָענט דערנאָך צו דער קולטורעלער אַסימילאַציע, און דאָס דאַרפן מיר אויסמיידן פאַר יעדן פּרייז.

צום באַדויערן, ווי דער חבר קאַפּלאַן האָט געזאָגט, איז קיין סך יוגנט נישטאָ דאָ היינט אויף דער פאַרזאַמלונג, אָבער צו דער קליינער צאָל וואָס איז יאָ דאָ, ווייל איך זאָגן אַ פּאָר ווערטער, און איך וואַרט אַז זיי וועלן די ווערטער אַריבערטראָגן אויף דער יידישער גאַס און זיי איבערזאָגן פאַר אַלע יונגע חברים פון אונדזער סביבה:

פאַרגעסט נישט, יידישע יוגנט: יידיש איז געווען און זי איז אונדזער מאַמע־לשון, און מיר טאָרן איר נישט איבערלאָזן און אַנטלויפן אויף אַנדערע דרכים; מיר מוזן זי אָפּהיטן שטענדיק, און נישט פאַרגעסן אין איר אויף קיין איין מינוט. נאָר אַזוי אַרום וועלן מיר זי קענען ראַטעווען פון אונטערגאַנג.

און דאָס איז אונדזער חוב: ראַטעווען!

ראַטעווען פון אַסימילאַציע, ראַטעווען פון גלייכגילטיקייט, ראַטעווען פון גרינג־שעצונג. און מיטן ראַטעווען דעם יידיש, וועלן מיר אויך העלפן ראַטעווען אַ גרויסע טייל פון דעם וואָס כאַראַקטעריזירט אונדזער פאָלק און וואָס הייסט: „יידישקייט״.

געדענקט זשע יונגע יידישע לערערס, געדענקט יונגע יידישע עלטערן: אונ־דזער חוב מוז אויסגעפירט ווערן אין דער פולער מאָס, אויב נישט וועט אונדזער פאָלק אונטערגיין אין גלות, און צו דעם טאָרן מיר קיין מאָל נישט דערלאָזן!

# אורי ווײַנשענקער

(20 יאָר אַלט. איז געבוירן געוואָרן אין מאָנטעווידעאָ, ווו ער האָט דורכגעמאַכט זײַנע ייִדישע לימודים ביי פּריוואַטע לערער און אין דער שלום־עליכם מיטלשול. איז אַ סטודענט פון אינזשיניערי פון דער מאָנטעווידעער אוניווערזיטעט. האָט גע־לערנט אַ יאָר צייט אין „מכון גרינבערג״ אין ירושלים. געאַרבעט אַלס לערער אין דער שלום עליכם־שול. איז טעטיק אין דער ייִדישער סטודענטן־באַוועגונג אין אורוגוויי).

יעדער דור האָט זיך זײַן פּראָבלעמאַטיק; יעדער איינער האָט זיך זײַן אייגן פּעקל צרות, סיי געירשנטע פון די דורות פאַר אים, סיי אייגענע, אויפגעקומענע במשך זײַן צייט, און אויך נישט ווייניקער — פּראָבלעמען פונעם קומענדיקן דור, וועלכע ער דאַרף איצט אָנהייבן לייזן.

די ייִדישע יוגנטלעכע, וועלכע וווינען אין לאַטיין־אַמעריקע, האָבן אויך אַזאַ קאָמבינאַציע פּראָבלעמען. מיר דאַרפן לייזן פּראָגעס, איבערגעגעבענע פון אונדזע־רע עלטערן; מיר דאַרפן זײַן אויפמערקזאַם צו דער וועלט אַרום זיך; און מיר דאַרפן שוין אָנהייבן לייזן די ייִדישע פּראָבלעמען פון מאָרגן — ווי דאָס פון אַ נאָך מאַסי־ווערער אַסימילאַציע, און דאָס קענען איבערלעבן אַן אַלגעמיינע אויפטרייסלונג פון די געזעלשאַפטלעכע און עקאָנאָמישע סטרוקטורן — כדי עס זאָל פאַר אונדז בכלל נאָך זײַן אַ מאָרגן.

דאָס פונדאַמענטאַלע, באַזישע, שורשדיקע פּראָבלעם פאַר דער היינטיקער מאַ־סע ייִדישע יוגנטלעכע איז דאָס, וואָס זי האָט נישט קיין נעכטן, אָדער בעסער געזאָגט: זי פילט זיך נישט אָנגעשפּאַרט אויף קיין שום ממשותדיקן נעכטן. אין יעדן דור איז טאַקע דאָ אַ תהום צווישן עלטערן און קינדער. אַנדערע דורות — סיי ביי אַנדערע פעלקער, סיי ביי אונדז — האָבן אָבער כאָטש געהאַט געמיינזאַמע געאָגראַפישע, קולטורעלע און רעליגיעזע אומשטענדן מיט זייערע עלטערן. מיט אונדז — מיט אונדז אין אורוגוויי, יעדנפאַלס — איז דאָס ליידער נישט אַזוי. אַז אונדזער געאָגראַפישע סביבה איז אַן אַנדערע, דאַרף איך נישט דערקלערן; איך וואָלט נאָר געוואָלט אונ־טערשטרייכן אַז עס איז אַנדערש, ווען מען ווייסט אַז די משפחה לעבט שוין דאָ אַ 150 יאָר, און וועט אפשר לעבן דאָ נאָך זעקס אָדער זיבן דורות. עס גיט אַן אַנ־דערע אינערלעכע זיכערקייט, אַ סטאַביליטעט־געפיל וועלכן עס פאַרמאָגן נישט די וואָס באַטראַכטן זיך אַלס ערשטער און אפשר לעצטער דור אויף אַ קאָנטינענט. רע־

ליגיעז האָבן מיר אויך נישט קיין געמיינזאַמע פאַרגאַנגענהייט; ווייל פאַר אַ מער־
הייט פון אונדז — פּאָזיטיוו אָדער נישט — עקסיסטירט רעליגיע נישט מער ווי —
אין בעסטן פאַל — אַלס אַן אינטערעסאַנטער היסטאָרישער מאַטעריאַל כדי זיך צו
קענען פאַרטיפן אין אונדזער פאָלקס פאַרגאַנגענהייט; אָבער זי עקסיסטירט נישט
אַלס אַ פּערזענלעכער יש, פון וועלכן מען שעפּט אינספּיראַציע, און אין וועלכן מען
גיסט אַריין אייגענע ווערטן און שאַפונגען.

די וויכטיקסטע דיפערענצן זענען אָבער די קולטורעלע. סיי אין אַרום — אַ
ראַדיקאַל פאַרשיידענער — און סיי אין אינערלעכן אויסלעבן זיך. די וויכטיקסטע
אָפּגעפרעמדטקייט פון וועלכער עס ליידט די ייִדישע יוגנט איז די אָפּגעפרעמדטקייט
פון איר אייגענער אַלגעמיינער קולטורעלער פאַרגאַנגענהייט. די מערהייט היינטיקע
ייִדישע יוגנטלעכע האָבן נישט קיין וואָרצלען אין זייער פאַרגאַנגענהייט — נישט
קיין עמאָציאָנעלע און נישט קיין קולטורעלע. זיי פילן זיך אַליין; אָפּגעריסענע סאַ־
טעליטן וואָס דרייען זיך אין אַן אייז־קאַלטן לאַטיין־אַמעריקאַנער רוים אַרום אַ ייִדישן
ערדקיילעך, צו וועלכן זיי ווייסן נישט ווי אַזוי צוריקצוקומען. פון דעם שטאַמען אַלע
אונדזערע אידעאָלאָגישע זוכענישן און בלאָנדזשענישן. נישט וויסנדיק פון קיין
ממשותדיקער קולטורעלער פאַרגאַנגענהייט אין וועלכער זיך אָנצוכאַפּן, זוכט זיך די
יוגנט אַן איצט — וועלכער קאָן נאָר זיין פאַלש און קינסטלעך, אַפילו ווען ער זעט
אויס אַ ייִדישער — ווי צום ביישפּיל, דער אויפגעבלאָזענער נאַציאָנאַליזם אָדער
דעם „האַרטן" ציוניזם מיט וועלכן מיר טרעפן זיך אָן אין פאַרשיידענע קרייזן —
ווי די כנענים און נאָך אַנדערע.

איז קלאָר, גלויב איך, אַז דאָס ערשטע וואָס די ייִדישע יוגנט אויף דעם קאָנ־
טינענט דאַרף טאָן, איז צוריק געפינען איר ייִדישע אידענטיטעט. דאָס ווערט אין
דעם מאָמענט געטאָן באַזירט דורך צוויי וועגן:

א) אַ פּרוּוו זיך מתייחד צו זיין מיט די שורשדיקסטע מאָראַלישע ווערטן פון
ייִדנטום, די וועלכע מען האָט אונדז איבערגעגעבן בירושה אין תנ"ך, און וועלכע
ווערן היינט שטודירט און אין וועלכע ס'גריבלען זיך די היינטיקע פילאָסאָפן.

ב) אַ נאַציאָנאַליסטישער וועג, וועלכער קוקט כמעט אויסשליסלעך צו מדינת
ישראל און צו די אין איר געשאַפענע ווערטן, כדי אין זיי צו געפינען דעם קולטור־
רעלן הינטערלאַנד אין וועלכן זיך אָנצושפּאַרן. ליידער זענען זעלטן די וועלכע פּרוּוון
זיך צו געפינען די מינדסטע פשרה צווישן די צוויי וועגן, וועלכע זענען קעגנזעצ־
יעך נאָר פאַר אַן איבערפלעכלעכער מענטאַליטעט. אָבער נאָך טרויעריקער איז
דאָס וואָס פיל יוגנטלעכע — צווישן זיי, די פון די צוויי פריִער דערמאָנטע גרופּעס
— זעען אין דער ייִדישער געשיכטע אַ גרויסן בלויז: פון יאָר 135 ביז 1897. פון
וואַנען דער ספּעציפישער צוגאַנג קומט — דאָס איז אַ באַזונדערע טעמע, וועלכע
איך וויל דאָ נישט באַהאַנדלען. אָבער עס איז אַ פאַקט אַז ער האָט, כאָטש ביז מיט
אַ צייט צוריק, עקסיסטירט. לעצטנס אָבער מערקט זיך, גלויב איך, אַ באַנייטער

אינטערעס אין די ביז איצט „נישט וויכטיקע" 1800 יאָר. איז איצט דער מאָמענט צו זיין גרייט אַריינצופירן די יוגנט אין אָט דער וועלט.

און אָט דאָ ווערט וויכטיק די יידישע שפּראַך און די אויף איר געשאַפענע ווערטן. ווייל די יוגנט וויל פאַרשטיין, פאַר אַלעמען, צוויי זאַכן: וועלכע זענען די סיבות פון דעם, וואָס יידן ביז היינט געפינען זיך מיינסטנס אין אַ זייער באַשטימטער סאָציאַלער און עקאָנאָמישער שיכט; און ווי אַזוי, און אין וואָס פאַר אַן אַטמאָספער איז אויפגעקומען ציוניזם אַלס אַ פּאָליטישע באַוועגונג סוף 19טן יאָרהונדערט. צו אָט די צוויי פראַגעס קען מען געפינען גוטע ענטפערס כמעט אויסשליסלעך אין די יידישע ווערק פון די לעצטע 150 יאָר — און נישט נאָר אין די ליטעראַרישע. איך גלויב נישט, אַז וועגן דעם זאָל דאָ אויף דעם סימפּאָזיום קענען זיין אַ מחלוקת און דערפאַר וועל איך זיך מער נישט אָפּשטעלן וועגן דעם פונקט. איך וויל נאָר, אַז עס זאָל בלייבן קלאָר מיין מיינונג: אַז כדי אונדזער — מיין — יוגנט זאָל זיך קאָנען אָפּזוכן אין דער היינטיקער וועלט, און געפינען איר אייגענעם וועג, דאַרפן איר געגעבן ווערן די מיטלען צו שעפּן פון דעם קוואַל פון דער יידישער מזרח־אייראָפּעישער שאַפונג אין די לעצטע 150 יאָר — און נישט אין איבערזעצונגען, נאָר אין אָריגינאַל, כדי די פאַרבינדונג זאָל נישט זיין נאָר אַ טרוקן אינטעלעקטועלע, נאָר אויך אַ רייך עמאָציאָנעלע איבערלעבעניש.

דאָס אַלץ איז זייער גרינג צו זאָגן, אָבער אויספירן עס איז שווערלעך. קלאָר, אַז פאַר אַלעמען דאַרף מען קענען יידיש. ס'איז שוין היינט דאָ אַ מערהייט יוגנטלעכע וואָס קענען נישט יידיש — צי ווייל זיי קומען נישט פון קיין מזרח־אייראָפּעישע היימען, אָדער ווייל זיי קומען יאָ פון אַזעלכע היימען — אָבער זייערע עלטערן האָבן פאַרנאַכלעסיקט זייער פליכט. צווישן יוגנטלעכע איז אויך פאַראַן אַ געוויסע טראָציקייט צו יידיש. טיילווייז שטאַמט זי פון דעם ביטול וואָס איגנאָראַנטן בכלל פילן פאַר דעם וואָס זיי קענען נישט, און טיילווייז קומט דאָס פון יאָרן אַנטי־יידישער פּראָפּאַגאַנדע וואָס מיר האָבן געהאַט אויסצושטיין פון אַלע מינים קוואַלן. די טראָציקייט פאַרשטעלט זיך פיל מאָל פאַר אַ ראַפינירטער אידעאָלאָגיע פון „איך בין העכער פון דעם און איך דאַרף עס נישט"; אָבער איך גלויב אַז מיט די אויבן־געגעבענע אַרגומענטן איז מעגלעך בייצוקומען אָט די דאָזיקע רעסיסטענץ. עס איז נאָר אַן ענין פון פירן נאָך אַ פּראָפּאַגאַנדע־קאַמפּיין צווישן אונדזער יוגנט קעגן נאָך אַ פרעמדער אידעע, וואָס האָט צו אונדז אַריינגעדרונגען, ווייל פון דעם גאָלדענעם עגל ביז איצט האָבן מיר וועגן דעם ענין אָנגעזאַמלט גענוג עקספּעריענץ. איך גלויב, אַז נאָך אַ פּאַסיקן פּראָפּאַגאַנדע־קאַמפּיין צווישן אונדזערע יוגנט־אַנשטאַלטן, וועט זיך שאַפן אין זיי אַ ווילן צווישן דער מאַסע — צווישן אירע בעסטע עלעמענטן, יעדנפאַלס, — צו דערנעענטערן זיך צו יידיש. דאַרף מען זען, ווי אַזוי ווערט דאָס אויסגעפירט אין דער פּראַקטיק.

עפּעס וויסן מיר, יידן, וועגן דעם. נישט לאַנג צוריק האָט מען געמיינט ביי אונדז, אַז העברעיש איז שוין טויט און באַגראָבן — און אָט, מען האָט זי אין ממש

צוויי אָדער דריי דורות אויפגעלעבט. אין אָט דער ריזן־אַרבעט האָט מען זיך באַנוצט מיט צוויי באַזישע אינסטרומענטן: אַן אייזערנעם ווילן — און בודזשעטן. און דערפאַר האָב איך זיך אַ ביסל אַנטוישט ווען איך האָב זיך דערוווּסט, אַז אָט דער סימפּאָזיום וועט טראָגן אַ נישט־רעזאָלוציון כאַראַקטער. מען קען טאַקע נישט אַרויסטראָגן קיין באַשלוסן וועגן אייזערנעם ווילן — אָבער וועגן בודזשעטן, קאָמיסיעס, פּלענער און קאָנקרעטע צילן — קען מען, גלויב איך, יאָ. אמת, דער סימפּאָזיום קען נישט, צוליב טעכנישע סיבות, אָנווייזן יעדן ישוב באַזונדער, וואָסער־ע אַקטיוויטעטן ער וועט דאַרפן דורכפירן, אָבער מען וואָלט יאָ געקאָנט געבן די ישובים דאַטעס, ווען זיי דאַרפן צושטעלן אַרבעט־פּלענער און ווען זיי דאַרפן צושטעלן רעזולטאַטן פון אָט דער אַרבעט.

איך גלויב, אַז אין דעם מאָמענט וואָלט דאָס פּראַקטישסטע געווען, אַז אין די יוגנט־אינסטיטוציעס זעלבסט — און נישט אויסער זיי, מיט אַן אַלגעמיינעם, שטאַטישן כאַראַקטער — זאָל מען אָרגאַניזירן יידיש־גרופּעס, באַזיש צעטיילט אויף צוויי קאַטעגאָריעס: די ערשטע, פון די וואָס קענען זיך שוין באַנוצן מיט דער שפּראַך, צו לייענען יעדנפאַלס, און וועמען ס׳פעלט נאָר דער סטימול פון אַן אַרבעט־גרופּע און אַ געהעריקע אָנפירונג כדי זיך צוצורירן צו דעם רייכן מאַטעריאַל וואָס עס דערוואַרט זיי; און די צווייטע קאַטעגאָריע וואָלט אַרומגענומען די, וואָס דאַרפן אָנהייבן פון בראשית — דאָס הייסט, פון די גרונט־עלעמענטן פון דער שפּראַך, אַפילו פון דעם אַלף־בית. אין די גרופּעס, באַזונדערס אין די, אין וועלכע עס באַטייליקן זיך מער דערוואַקסענע יוגנטלעכע, וואָלט אפשר געווען לויגבאַר אַריינצופלעכטן אין די טרוקענע שפּראַך־לעקציעס איבערזעצונגען פון וויכטיקע פּרקים פון יידישער שאַפונג — סיי ליטעראַטור, סיי היסטאָריע און אַנדערע.

איך וויל זיך נישט אין דעם מאָמענט אַריינלאָזן אין מער פּרטים. נאָך אַלעמען, איז דאָס אַן אַרבעט, אין וועלכער עס וועלן זיך דאַרפן אַריינלאָזן די קאָמיטעטן פון יעדן ישוב, וועלכע, איך האָף, וועלן געגרינדעט ווערן פאַר דעם צוועק. איך וויל נאָר אונטערשטרייכן נאָך איין מאָל: דער מאָמענט פאַר יידיש איז שווער — אָבער ער איז נישט צו שווער און עס איז נאָך נישט צו שפּעט.

## חנה ווישניעווסקי

(געבוירן אין בוענאָס־איירעס. פון אירע 25 לעבנס־יאָרן איז זי 22 יאָר פאַרבונדן מיט דער שלום עליכם־שול אין בוענאָס־איירעס, ווו זי האָט אָנגעהויבן אַלס 3־יעריק קינד אין דעם קינדער־גאָרטן, געלערנט אין דער אָנפאַנג־שול און אויך דורכגעמאַכט די מיטלשול, ווו זי איז היינט אַ לערערין. האָט אַ יאָר צייט געלערנט אין „מכון גרינברג" אין ירושלים).

„ייִדישע יוגנט און ייִדיש לשון" איז די טעמע, וועלכע איך וועל דאָ פאַר אייך באַרירן.

איך פאַרקערפּער און שטעל פאַר די צוויי באַגריפן.

איך בין אַ ייִדישע יוגנטלעכע, פאַר ווענמען ייִדיש לשון איז נאָענט און טייער.

וועלכע זענען די אייגנשאַפטן וואָס כאַראַקטעריזירן דעם דור וואָס איך שטעל פאָר?

מיר זענען דרום־אַמעריקאַנער. מיר לעבן אין לענדער וואָס מאַכן אַדורך גע־וויסע עקאָנאָמיש־פּאָליטישע פּראָצעסן, יעדעס לאַנד לויט איר אייגנאַרטיקער געאָ־גראַפיע און געשיכטע, אָבער גלייכצייטיק לענדער וואָס האָבן געמיינזאַמע אייגנ־שאַפטן ווי דרום־אַמעריקאַנער לענדער. אונדזער מוטערשפּראַך איז שפּאַניש. מיר ווערן דערצויגן און אויסגעבילדעט אין שפּאַנישע מלוכה־שולן. די מערהייט פון אונדזערע עלטערן זענען אימיגראַנטן פון אייראָפּע, ריידן אויף ייִדיש; זייער לשון איז וויטאַל, אויף ייִדיש דענקען זיי, אויף ייִדיש פילן זיי, דורך ייִדיש פילן זיי זיך געאייניקט.

זיי האָבן איבערהויפּט אַן עמאָציאָנעלע אידענטיפיקאַציע מיט ייִדישקייט.

אונדזער דור עפנט זיך אַ וועג אין דער קולטור איבערהויפּט דורך שפּאַניש.

מיר לייענען שפּאַנישע צייטונגען, מיר גייען אין שפּאַנישע טעאַטערס, מיר זע־נען אין קאָנטאַקט מיט אַ דרויסן וואָס רעדט שפּאַניש: די גאַס, די ראַדיאָ, די טע־לעוויזיע.

ייִדיש איז נישט די שפּראַך אין וועלכער מיר דריקן אויס אונדזערע טאָג־טעג־לעכע שטרעבונגען. אָבער מיר קומען אין קאָנטאַקט מיט ייִדיש לשון. מיר הערן ייִדיש אין אונדזערע היימען און אין שול. אונדזערע עלטערן שיקן אונדז אין דער ייִדישער שול און מיר האָבן צו איר אַן עמאָציאָנעלע באַציִונג.

דורכמאַכנדיק די פאַרשיידענע עטאַפּן פון קינדער־גאָרטן, אָנפאַנגשול און מי־טלשול, ווערט אונדזער צוגאַנג וואָס אַ מאָל ראַציאָנעלער. דורך דעם לימוד פון יידיש באַקענען מיר זיך מיט דער יידישער ליטעראַטור.

וועלכע זענען מיינע איבערלעבונגען אין שייכות מיט דער יידישער ליטע־ראַטור?

דורך יידיש האָב איך זיך אידענטיפיצירט און זיך געפילט ווי אַ טייל פון יידישן פאָלק; זיך באַקענט מיט די ווערק פון די שרייבער. און דאָ קומט פאָר די אינטערע־סאַנטסטע דערשיינונג: די יידישע ליטעראַטור געפעלט מיר און פאַרבינדט מיך מיט יידישע דענקער און קינסטלער, דערנענטערט מיך צו מיין יידישן שטאַם.

נאָר וואָס באַגייסטערט מיר צום מערסטן ביי די יידישע שרייבער, מיט וועלכע איך באַקען זיך?

וואָס רירט מיך און עמאָציאָנירט מיך ביז גאָר?

— דאָס אוניווערסאַלע אין זייערע ווערק.

איך פיל זיך דערהויבן דורך זייער מענטשלעכקייט, זייער גלויבן און ליבע צום מענטשן, זייער אַריינדרינגען אין דעם מענטשנס נשמה. כ'האָב געזען ווי די יידישע ליטעראַטור שפּיגלט אָפּ אַ כסדרדיקן אומרו פאַר אַ ווירדיקן מענטשלעכן לעבנס־שטייגער און איך בין באַגייסטערט פון דעם וואָס איך געפין דאָס אין יידישע קוואַלן.

ביישפּילן זענען דאָ אָן אַ שיעור. איך וועל בלויז ברענגען אַ פּאָר.

„טביה דער מילכיקער" — אונדזער טביה וועקט אויף ביי מיר אַ באַוווּנדע־רונג כלפּי דעם שרייבער. עס ווילט זיך מיר לאַכן, עס ווילט זיך מיר וויינען.

דורך דעם אַלעמען זע איך שלום עליכמס שאַרפע קריטיק פאַר דער געזעלשאַפט, צו סטרוקטורן וואָס מוזן געענדערט ווערן און האָבנדיק דעם פאַרגעניגן, וואָס דאָס לייענען שלום עליכמס אַ ווערק קען פאַרשאַפן, פיל איך די דראַמע פון דער אומ־גערעכטיקייט וואָס הערשט אויף דער וועלט.

איך פיל עס אויך ביי מאָטלען. „מאָטל פּייסי דעם חזנס", דורך די וווּנדערלעכע דערציילונגען און באַשרייבונגען. מאָטעלע לעבט פאַר אונדז, איך פיל עס און עס ווילט זיך מיר אַרומנעמען אים און אַרויסווייזן אים ליבע און וואַרעמקייט.

און בעת דער עמאָציע גופא, פיל איך מיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט. איך לעב אי־בער, דורך יידיש לשון און יידישער ליטעראַטור, דעם אומרו פאַר אַ בעסערן מענטש־לעכן לעבן. און ווען איך פיל דאָס, פיל איך זיך גאַנץ מיט זיך אַליין און געטריי צו שלום־עליכמס טיפע ווערק.

איך האָב בלויז געבראַכט אַ פּאָר ביישפּילן פון די אַלע וואָס קענען געבראַכט ווערן פון אַנדערע שרייבער, פון אַנדערע צייטן. נאָר איך מיין אַז דאָס ביסעלע וועט אויסדריקן פאַר אייך די חשיבות וואָס עס האָט פאַר מיר די יידישע ליטעראַטור.

* * *

מיר מאַכן אַדורך די מיטלשול, מיר פּערפעקציאָנירן זיך אין „מכון חיים גרינ־ברג" אין ירושלים, מיר ווערן לערערס.

דאָ אַנטשטייען געוויסע פּראָבלעמען.

אין וועלכער שפּראַך רעדט דער לערער צו זיינע תּלמידים? אויף יידיש, גע־וויס! אין וועלכער שפּראַך ריידן לערער צווישן זיך? אַ מאָל אויף יידיש, אַ מאָל אויף שפּאַניש.

אַ מאָל אין דאָס באַרעכטיקט, אַ מאָל נישט. ווען מ'הערט צוויי לערערס ריידן אויף שפּאַניש, זאָגט מען אַז דאָס איז נישט אין אָרדענונג, אַז יונגע לערער האָבן נישט קיין באַציִונג צו דער שפּראַך. וויל איך דאָ קלאָר מאַכן און אונטערשיידן פאַרשיידענע מאָמענטן.

עס איז לייכט צו זאָגן — לערערס האָבן נישט קיין באַציִונג צו שפּראַך. מען מעג דאָס זאָגן, פאַרשטענדלעך, אַלע מאָל ווען דאָס איז ריכטיק. אָבער אין אַלגע־מיין, ווען מיר טרעטן צו צו אַ דיסקוסיע, ברענגען מיר אַרגומענטן, סיבות, געדאַנ־קען וואָס זענען דער אָנשפּאַר פאַר אונדזער שטעלונג און אַפילו ווען מיר זענען גע־רעכט, איז נישט גענוג מיר זאָלן די אַנדערע טאַדלען, אַז זיי האָבן נישט קיין באַ־ציִונג. וויל דאַן ענדיקט זיך די דיסקוסיע, דער צווייטער צד איז פאַרמשפּט.

די זאַכן דאַרפן זיין קלאָר: עס איז נאַטירלעך, אַז דער מענטש זאָל זיך וועלן פריי אויסדריקן אין זיין מוטערשפּראַך און אין קאָנטאַקט מיט חברים אַרויסצוברענ־גען זיינע געדאַנקען נאַטירלעך און אויפריכטיק — און דאָס מיינט פאַר דער מער־הייט פון אונדז, עס טאָן אויף שפּאַניש. אָבער מען טאָר נישט פאַרלירן דאָס גלייכ־געוויכט. פאַר וואָס? און ווי אַזוי? אַלס לערערס מוזן מיר וויסן, אַז אין אַן אידיאָמאַ־טישער שול — ווי דאָס זענען אונדזערע יידישע שולן — דאַרפן מיר שטיין אויפן געהעריקן דערציִערישן ניוואָ און האָבן דעם באַוווסטזיין פון דער חשיבות פון שפּראַך, וואָס איז פאָרעם און וואָס איז אינהאַלט.

איך לעב איבער די שוועריקייט, פּונקט ווי מיינע חברים לעבן זי איבער. איך מיין אָבער אויך, אַז מיר מוזן אָנערקענען, אַז די אַלע אָנשטרענגונגען זענען ניי־טיק און כדאי.

און איצט, מיין מיינונג וועגן דעם לערערס שפּראַך ביי דער אַרבעט מיט תּל־מידים. אַז דער לערער איז אַ ביישפּיל פאַר זיינע תּלמידים, איז פאַר אונדז אַלעמען באַקאַנט. נאָר אַפילו ווען דאָס ווערט כסדר איבערגעחזרט, ווייזט די דערפאַרונג, אַז נישט אַלע לערערס האָבן דעם באַוווסטזיין וועגן דעם — אַנדערש, וואָלט מען גע־וויסע טעותן נישט באַגאַנגען.

נאָר באַציִענדיק זיך צו שפּראַך, מוזן מיר, אַלע לערערס, געדענקען, אַז דורך איר קומט צום אויסדרוק אונדזער פּערזענלעכקייט; מוז דער דעליקאַטער אינסטרומענט זיין צוגעגרייט אויף צו קענען שפּילן שיין.

איך אָנערקען, אַז מיין אינסטרומענט מוז נאָך אויף אַ סך באַאַרבעט ווערן, נאָר איך וועל מיך דאָ פאַרענטפערן, זאָגנדיק אייך דאָס וואָס איך זאָג מיינע תּלמידים

פון מיטלשול ווען זיי ווייזן אַרויס מורא און שפּאַנונג פאַר דעם, ווען זיי וועלן דאַרפן שטיין פאַרן קלאַס און זייערע תלמידים קענען פרעגן אַזעלכע פראַגעס וואָס זיי וועלן נישט קענען ענטפערן. איך פאַרשטיי, אַז שפּאַנונג ביי דער אַרבעט איז פּאָזיטיוו, נאָר נישט ווען זי איז איבערגעטריבן. דעריבער דערקלער איך זיי, אַז עס זענען דאָ צוויי הויפּטזאַכן וואָס אַ לערער מוז האָבן שטענדיק פאַר זיך:

1) פאַרמאָגן אַ סך מער ידיעות ווי דער תלמיד און אַ ברייטערע קולטור;

2) וויסן, אַז אַ לערער מוז זיך טאָג־טעגלעך באַרייכערן, רייפער ווערן, נישט נאָר צוליב דעם וואָס ער ווערט עלטער, נאָר אַ דאַנק דעם וואָס ער לערנט, לייענט און ברייטערט אויס כסדר זיין וויסן.

בלויז אויף אַזאַ אופן וועט ער שטיין רויק פאַר אַ קלאַס.

אומקערנדיק זיך צום ענין, וויל איך בלויז זאָגן, אַז איך דערוואַרט נאָך אַ סך מער זיך צו באַקענען מיט דער יידישער שפּראַך.

***

מיר וויסן, אַז עס זענען דאָ יוגנטלעכע, וואָס מינדערשאַצן די יידישע שפּראַך. צום גליק וועל איך דאָ דערציילן וועגן אַנדערע פאַלן.

מיינע אַ חברטע, ביי דער אַרבעט, איז געפאָרן אויף אַ לוסטרייזע קיין ישראל. ביים אומקערן זיך האָט זי מיר דערציילט, אַז זי האָט זיך דאָרט פאַראינטערעסירט וועגן דעם לימוד פון יידיש, באַזוכט די ביבליאָטעק פון אוניווערסיטעט, געזען און פאַרצייכנט וואָס פאַר אַן ערנסטע קוואַלן פאַרן לימוד פון יידיש ס׳זענען פאַראַן, כדי זיי זען צו קריגן, און געמאַכט אַזאַ באַמערקונג:

— דו ווייסט, איך וויל אַז די תלמידים זאָלן קענען זען אין מיר, ווי אַ לערער־קע פון יידיש — דינאַמיזם, דער לימוד זאָל זיי צוציען.

איך האָב זייער גוט פאַרשטאַנען וואָס זי האָט געמיינט.

איך טראַכט, אַז עס איז אפשר לייכטער אויפצוּוועקן ביים תלמיד אַ פּאָזיטיווע באַציִונג צו העברעיִש צוליב סאָציאָלאָגישע מאָטיוון. דעריבער האָט מיך געפרייט איר שטאַנדפּונקט. זאָלן די תלמידים האָבן פאַר זיך דעם ביישפּיל פון אַ לערערקע וואָס איז, ווי זיי, אויסגעוואַקסן אין אַרגענטינע, לערנט אין אַ היגער אוניווערסיטעט און פאַרט אינטערעסירט זי זיך אין אַן ערנסטן לימוד פון יידיש און אין אַן אַנאַליז פון דער יידישער ליטעראַטור.

מיר, די וואָס גלויבן אין דער וויכטיקייט פון דער דערציִונג, אין דעם זין פון יידיש לשון, אין דער דערציִונג און אין דעם בייטראָג וואָס די יידישע קולטור ברענגט דעם יידישן יוגנטלעכן, דאַרפן מיר אויסזוכן די צוגעפּאַסטע פּעדאַגאָגישע

מעטאָדן, וואָס זענען אין הסכם מיט דער צייט אין וועלכער מיר לעבן, כדי צו פאַר־ווירקלעכן אונדזערע צילן.

געוויס וועלן די זעלביקע ליטעראַרישע ווערק ווירקן אַנדערש אויף דריי פאַר־שיידענע דורות. לאָמיר זאָגן, צום ביישפּיל, דער דור פון אונדזערע עלטערן, אונ־דזער דור און דער דור פון אונדזערע תלמידים; אַנדערע וועלן זיין די אַסאָציאַציעס וואָס איין ליטעראַריש ווערק וועט אַרויסרופן ביי די דריי דורות. אָבער איין זאַך וועט זיין געמיינזאַם פאַר אַלע דריי דורות: לייענען די אָריגינעלע ווערק, זיי פאַר־שטיין און ליב האָבן.

אויף אַזאַ אופן קען די יידישע שפּראַך פאַרבינדן די דורות, קען דער אינהאַלט פון די ווערק פאַרבינדן דעם יחיד און דאָס פאָלק מיט דער וועלט.